קליין־ביבליאָטעק

# שלום־עליכם

דערציילונגען און מאָנאָלאָגן



העפט נר. 1

פארלאג „אונדזער האָפענונג“

עשוועגע יולי 1947

# שלום-עליכם

## דערציילונגען
## און מאָנאָלאָגן

פארלאג „אונדזער האָפענונג“ עשוועגע

# אינהאלט:

# מיסטער גריז האָט אַ דזשאָב

דערציילט פון אים אַליין, און איבערגעגעבן מיט זיין לשון. — געשריבן אין יאָר 1915.

— האַו דו יו דו, מיסטער שלום־עליכם! איך ווייס ניט אויב איר קענט מיך?... איך קער מיך אָן מיט אייך שטיקלעך אייגענע. שני־שבשלישית... דאָס הייסט ניט מיט אייך, נאָר מיט אייער טביה דעם מילכיקן און מיט זיין קרוב מנחם־מענדל פון יעהופּעץ... אהאַ! איאָ. ס׳איז אייך אינטערעסאַנט? איר האָט זיך אויס אָפּגעשמעלט? — שמייט זשע טאַקע אַ ווײַלעטשקע אָט דאָ מיט מיר אויפן סיידוואָק. וועלן מיר אַ ביסל שמיעסן פון דעם אַמעריקאַנער וואָס פאַר אַ גאָלדענע מדינה דאָס איז. און ניט אַזוי פון אַמעריקע ווי פון אירע ביזנעס ווי מען ווערט אויס־געריסן אין עושר און אין כבוד, ביז גאָט שיקט צו דעם רעכטן דזשאָב און אַז גאָט העלפט אַז מע שלאָגט זיך אַרויף אויף

דעם רעכטן דזשאב איז דאָ א האָפענונג מע זאָל מיט דער צייט זיך ארויפארבעטן, ווערן גוט־אָפּ אויסוואקסן א דזשייקאָב שיף. א נייטען שטראוס, אָדער כאָטש א הערריי פישעל — מיט איין וואָרט: זיין אָלרייט... איך קאָן אויף זיך נאָך לעת־עתה נים זאָגן, אז איך בין אָלרייט נאָר א דזשאב. געלויבט דער אויבער־שטער. האָב איך שוין, און דער גאנצער אנטיק פונם דאָזיקן דזשאב איז, וואָס איך בין עס אליין דערגאנגען, אליין מיט מיין אייגענעם שכל... נאָר איך זע. אז איר ווילט וויסן איר גיים אוים — ווער איז דער פארשוין, וואָס רעדט צו אייך? אז איך וועל אייך זאָגן. אז דאָס רעדט מיסטער גרין, וועט איר זיך טראכטן: גרין? געל? בלוי? — ס'איז אזוי גוט ווי גאָרנישט... דאָ הייס איך גרין. דאָרט האָב איך געהייסן גרינבערג. פון וואנען? פון אָדעס? — פון אָדעס... פון יעהופעץ? — פון יעהופעץ... פון כתרילעווקע פון טעפליק, שפּאָלע. אומאן, בארדיטשעוו — בקיצור, פון ע נ ע מקומות... און געהאנדלט האָט מען. ווי אלע יידן האנדלען, געדרייט. געמעקלערט. ביז ס'איז געקומען דאָס גוטע שטיקל צייט און מען איז ארויסגעטריבן געוואָרן און מען איז מגולגל געוואָרן אהערצוצו, אין קאָלומבוסעס מדינה. און מע האָט אזוי לאנג געגעסן. ביז מע האָט אויפגעגעסן פון זיך דאָס לעצטע שטיקל העמד. האָט מען אָנגעהויבן. פארשווארצט־ווערן גאָר אויף איין אנדער אויפן און מע האָט געטאָן כל עבודת־פרך — ס'איז נישט געגאנגען! ביז ס'איז געקומען ראש־חודש

אלול, און איך האָב דערזען אין די פּייפּערס ווי מע אדווערטייזט חזנים. שולן, מנינים. אין די סטאָרס האָב איך דערזען, שטעלט מען ארויס סידורים. מחזורים. שופרות. טליתים און דער עולם. האָב איך דערזען. הויבט־אָן צו־שמייכלען זיך צום רבונו־של־עולם חנפה־נען גאָט צוליב ביזנעס — האָב איך מיך מיישב געווען און זאָג צו זיך אליין: „מיסטער גרין! ביז וואנען וועסטו זיין א גרינער? טו אויך א לעק פונם ראש־חודש אלול און פון די עשרת ימי־תשובה!"... נאָר ס'איז גרינג צו זאָגן טאָ; א לעק אז סע לעקט זיך... צו וואָס קאָן איך מיך נעמען? זי. שטעלן פאר א חזן? — בין איך קיינמאָל נים געווע קיין שוסטער... פאר א שוחט? — מיין טאטע איז קיינמאָל נים געוועו קיין בעל־עגלה. . קיין רעוורענד וועל איך דאָך אודאי נים זיין ווארום איך קען עברי און פארשטיי פירוש־המלות... סיידן א בוטשער אויף סטריקטלי כשר? — האָב איך אין דער היים נישט געהאנדלט מיט גנבה'שע פערד.. פארטיפט. ווי אייער טביה זאָגט אין די דאָזיקע מחשבות און געדאנקען. בין איך אריין אין א מקום קדוש... ראש־חודש אלול דער עולם דאוונט מע זאָגט „לדוד אורי"... מע האָט אָפּגעדאוונט רופט זיך ־ן איינער: „און ווער וועט אונדז געבן א בלאָז?" רוף איך מיך אָן: „א בלאָז? לאָזט מיך"... וועט איר פרעגן. ווי קומט צו מיר א בלאָז? איז די מעשה אזוי. קיין בעל־תוקע בין איך אין דער היים טאקע נים געווען. מיין טאטע אויך נים. מיין אטנס טאטע אויך נים. נאָר

יינגלעך שקצים. אז ס'איז געקומען ראש־חודש אלול און מע האָט דערטאַפּט א שופר, האָט מען מעשה ספּאָרט געבלאָזן און געבלאָזן אזוי לאנג, ביז דער שמש האָט אונדז אָפּגעיאָגט מיט וואסער און ארויסגעטריבן פון שול. — בקיצור, איך קען די מלאכה. און ווי זאָגט איר: אז מע שמועסט... זיך יכולט איז דאָך ניט שייך... וואָס טויג אייך. איך האָב גענומען א נעם דעם שופר אין האנט און האָב זיי געגעבן א בלאָז „תקיעה־שברים־תרועה". או אויסגעלאָזט האָב איך זיי מיט א „תקיעה גדולה" בלא גוזמא פון דאנען ביז בריקלין־ברידזש! דערהערט אזא בלאָז רופן זיי זיך אָן צו מיר: „פון וואנען איז א יונגע־מאן?" זאָג איך: „וואָס איז די נפקא־מינה?" זאָגן זיי: „טאָמער וואָלט איר זיך באשטעלט ביי אונדז פאר א בלאָזער אויף ימים נוראים? אונ־דזער בעל־תוקע איז געשטאָרבן". „איך זאָל קאָנען", זאָג איך, „מאכן דערפון א לעבן, איז מהכתיתי"... „מאכן א לעבן פון בלאָזן אליין", זאָגן זיי, „איז שווערלעך. סיידן איר זאָלט דערצו נאָך עפּעס טון"... „דהיינו", זאָג איך, „וואָס נאָך זאָל איך טון? זיין דערצו א דרייווער? א גאַנג עטשמען? אָדער א סטריט־קל נער?" זאָגן זיי: „וויבאלד איר זענט א בלאָזער און א בעל־תוקע, האָט עס קאָן מען, פון אייך אזעלכע גראָבע ארבעט ניט פאָדערן. דאָס איינציקע", זאָגן זיי, „וואָס מיר קאָנען אייך געבן, איז נאָך א משענס, איר זאָלט קאָנען", זאָגן זיי, „בלאָזן נאָך אין א שיל"... איז דאָס מיר ארויין אין נאָז ארײַן און איך טראַכט מיר: אז איך

האָב אַ משענס צו בלאָזן נאָך אין אַ שול. קאָן איך דאָך האָבן
אַ שאַנס צו בלאָזן נאָך אין צוויי שולן. און פֿאַר וואָס ניט אין
דריי שולן?... און איך בין אַוועק דאַונטאַון פֿון איין שול אין
דער אַנדערער. פֿון איין מנין אינעם אַנדערן, אומעטום געמאַכט
פּראָבעס. באַוויזן מיין קונסט אין תּקיעה־שברים־תּרועה. געהאַט
דעם גרעסטן סוקצעס. וואָרום איך. אַז איך בלאָז, לויפֿט מען
זיך צונויף פֿון אַלע שולן. מיך האָבן געהערט בלאָזן דזשאָ־זשעס,
קאָנגרעסמענס, אַסעמבלימענס, און אַלע האָבן געזאָגט: וואָנ־
דערפֿול! איר קאָנט פֿאַרשטיין. אַז דעם ערשטן יאָר האָב איך
געהאַט נאָר איין שול מיט צוויי מנינים. דאָס צווייטע יאָר —
דריי שול מיט פֿינף מנינים. היינטיקס יאָר שטייט זיך מיר. אַז
דער אויבערשטער וועט וועלן ביז אַ דאָזען מנינים. און איך
וועל קאָנען מאַכן אַ שענע פּאָר מאָנער. אַ. ווי אַזוי קאָן איין
מענטש אַטענדע צו אַזוי פֿיל ביזנעס? — דאָס זאָלט איר ניט
פֿרעגן; ס'איז אַמעריקע. און אין דעם לאַנד העלפֿט מען זיך
שוין אויס. אין איין אָרט איז ביי מיר די תּקיעות פֿריער. אינעם
אַנדערן אָרט אַ ביסל שפּעטער. אינעם דריטן נאָך שפּעטער.
איך טריי מיין בעסט אַז דאָס פּיבליקום זאָל זיין סאַטיספֿייט.
ביקאָז אַז מאָמער לאָז איך דורך די צייט. פֿאַרליר איך דאָך
מיין דזשאָב מיט מיין רעפּוטיישאַן. איר וווּנדערט זיך מיט ער
שלום־עליכם וואָס איך יוז מער אינגלישע ווערטער ווי יידי־
שע? — דאָס איז איבער די קינדער. זיי זיינען שוין ביי מיר

אמת׳ע אמעריקאנער און וו לי שיין נ ט רעדן קיין וואָ׳ט יידיש!
איר זאָלט אָנקוקן מיינע באָ עס. ווען איר אין _לעב נישט
זאָגן אז דאָס זיינען יידישע קינדער. און מיך אליין אז איר
וועט באגעגענען נאָך י־ים נוראים. וועט איר מיך אייך נים
דע קענען. ביי מ ר. אז עב קימט א קורצע צ׳יט פאַר ראש־
חודש אלול. ווארף איך אראָפּ יין סוט פארלאָז מיר א באָרד,
באקום א „היימיש" אויסזען. און ווי נאָר עס גייען אוועק די
ימים נוראים, נעם איך א שייוו טי אָ מי ן העמ און ווער מיר
צוריק א דזשענטעלמען – וואָס טוט מען נים אין אמעריקע
צוליב ביזנעס?... איך זע אין אייך. מיסטער. איר האָט חשק מ ך
צו באשרייבן אין פייפער. איר האָט שוין ארויסגענומען דאָס
ביבעלע א ילו. נעווע מיין, געזונטערהייט! איכ ל אייך נאָך
זאָגן א דאנק. וואָרום פאר מיר וועט דאָס זיין איין אדווערטייז־
מענט... פארקערט איכ ל אייך נאָך בעטן איר זאָלט ארויס־
שטעלן מיין אדרעס: מ י ס ט ע ר  ג ר י ן. מ ש ע ר ר י
כ ב ר י ט  נ י ו  י אָ ר ק  ס י ט י. פּליעז... איך האָף, מיר׳ן
זיך נאָך אמאָל באגעגענען אפטאַון. דערווייל זייט מיר גוט באַיז

# א מעשה מיט א גרינהאָרן

מיסטער באראבאן, ביזנעס־בראָקער, דערציילט, ווי אזוי ער האָט אנגעלערנט א גרינהאָרן, וואָס האָט געהייראט צוליב ביזנעס. איך דערציילט מיט זיין לשון. געשריבן אין יאָר 1916

— איר זאָגט: אמעריקע איז א לאנד פון ביזנעס — נעווער־מיינד. עס דארף אזוי צו זיין. נאָר אפטעראָל גיין הייראטן און פארקויפן זיך צוליב ביזנעס — דאָס איז שוין. עקסקיוז מי. א חזיריי. איך פרעדיג נים קיין מאָראל. נאָר איך זאָג אייך, ס'א פאקט, אז ניין און ניינציק פראָצענט גרינהאָרנס הייראטן ביי אונדז צוליב ביזנעס — פארדריסט דאָס מיך און אז איך דערטאפ אזא גרינהאָרן. וועט ער שוין פון מיר טרוקן נים ארויס. ליוו איט טו מי. וועט איך אייך דערציילן א שיינס!

זיין איך מיר איינמאָל אין מיין אָפיס און מייל די פאָסט: קומט אריין צו מיר א גרינהאָרן. נאָך גאָר א באָי. און מיט אים א ווייבעלע — וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — בלוט און מילך.

שיין ווי דער טאָג און פריש ווי אן עפּעלע. נאָר־וואָס פון ם בוים. אריינגעקומען רופט ער זיך אָן צו מיר: „האַו דו יו דו! זייט איר דאָס מיסטער בּאראבּאן דער בּיזנעס־בּראָקער?“ „סידאָן! וואָס ט איר זאָגן גוטס?“ עפנט ער מיר אויף זיין הארץ און דערציילט מיר א גאנצע געשיכטע סאָ ענד סאָ אזוי ווי ער א'ז א בּאָי ערשט צען יאָר אין לאנד א ני־פּענטס־מייקער בּיי טרייד. און אין אים האָט זיך פארליבּט אָט דאָס ווייבּעלע גע־ווען א מיידל אן ארבּעטאָרן. וואָס פארמאָגט טויזנט דאָלאר אין קעש, האָט ער מיט איר חתונה געהאט און זוכט א בּיזנעס. זיי זאָלן קאָנען מאבן א לעבּן און פארשפּאָרן ארבּעטן אין שאפּ ווארום ער האָט נים פאר אייך געדאכט. א רעמאַטיז בּיי אים בלייבּ עס און אזוי ווייטער. קוק איך אויפ ן ווייבּעלע און זאָג צו אים: „אין וואָס פאר א בּיזנעס וואָלט איר געגאנגען?“ ענטפערט ער מיר: „ער וואָלט געעפנט א סטיישאָנערי“. און ער גיט מיר צו פארשטיין אז אין א סטיישאָנערי וואָלט „זי“ אים אויך געקאָנט קומען צו הילף. איר פארשטייט א גרינהאָרן? נים גענוג ער האָט דערטאפּט א פרי, אן אתרוג ל אויף צו מאבן שהחיינו. און נים גענוג זי בּרענגט אים טויזנט דאָלאר אין קעש. איז ער נאָך א בּעלן. זי זאָל אים ארבּעטן און ער וועט זיך זיצן מיט זיינע חברים. שפּילן אין פינאקל און אזוי ווייטער – איך קען מיינע לייט! טראכט איך מיר: א מכה וועסטו בּיי מיר האָבּן א סטיישאָנערי! איך קאָן בּאשטיין, דו זאָלסט

בײַ מיר ליגן. ווי א הינט אין א לאָנדרי. וועסט בײַ מיר ווערן א לאָנדרי־מען! וואָס איז מיר עפּעס אײַנגעפאַלן א לאָנדרי? ווײַל איך האָב גראָר געהאַט אויף דער האַנט א לאָנדרי צו פאַרקויפן. און איך רוף מיך אָן צו מײַן גרינהאָרן: „צו וואָס טויג דיר. זאָג איך. זיך באַדערן מיט א סטײשאָנערי־סטאָר אַכצן שטונדן אין מעת־לעת. אַרויסקוקן טאָמער וועט דורכלויפן א סקול־באָי און האַפּן קענדי פאַר א פּעני און אַזוי ווײַטער? אַמער, ליוו איט טו מי — איך ל דיר געבן א שענערע ביזנעס א לאָנדרי אין די בראָנקס וועסטו אַרבעטן רעגעלע שטונדן און לעבן ווי א קיסר! און איך נעם א פּענסיל און טו אים א רעכן־אויס אז נאָך אַלע עקספּענסעס — רענט און שוירטאיירענער און פּעמיליאיירענער און דעליווערי־באָי און לאָנדרי־ביל און אַזוי ווײַטער. בלײַבט אים איבער רײַנע עטלעכע און דרײַסיק דאָלאַר א וואָך - דאַרף מען בעסער? „וואָס וועט דאָס קאָסטן?” זאָג איך: „טויזנט דאָלער איז דאָס א באַרגיין. נאָר ליוו איט טו מי — איך ל עס אײַך מאַכן פאַר אַכט הונדערט. איר'ט זאָג איך. דאַרפן נאָר אָפּצאָלן די פּאָר דאָלער. פאַרבינדן די אויגן. געמען די שליסל — און איר זענט אָלרײַט. דערווײַל. זאָג איך. גייט געזונט און קומט צו מיר אין דרײַ טעג אַרום. ווײַל איצט האָב איך קיין צײַט ניט — און גוד־באַי!”

און אַליין בין איך אַוועק צו מײַן לאַנדרימען און גיב אים אים אָפּ מזל־טוב: גאָט האָט מיר צוגעשיקט א העכט, א גרינ־

האָרן. און אז ער האָט איצט א טשעקנט אויב ער איז א מענטש פטור צו ווערן פון דער לאַנדרי אין גלייכן געלט, זאָל ער וויסן וואָס ער האָט צו טאָן. און אזוי ווייטער... האָט דער גנב פאַר־שטאַנען וואָס איך מיין, און זאָגט צו מיר: „ברענגט אים נאָר, דעם העכט, וועט ער זיין זיין אָלרייט"... אין דריי טעג ארום — מיין גרינהאָרן איז דאָ, געבראַכט א דעפּאָזיט, אוועקגעשטעלט זיך מיט ן ווייבעלע אויף א וואָך טרייען ווי דער שטייגער איז. און מיין לאַנדרימען האָט שוין מסתמא געזען אז די וואָך פון טרייען זאָל זיין אָלרייט. און נאָך מיט א שמיצל אויף יענער זייט אָל־רייט — און מע האָט געבעטלט די ביזנעס. דער גרינהאָרן האָט אָפּגעציילט די פּאָר דאָלער. דער לאַנדרימען האָט אים איבער־געגעבן די ביכער מיט די שליסל. איך האָב אָפּגענומען מיין רח"ש דוקא פון ביידע צדדים. און אזוי ווייטער — מיכטער באַ־ראַבאַן ביזנעס־בראָקער וויכט וואָס ער האָט צו טאָן — און. ווי זאָגט איר. פּיניטאַ לאַ קאָמעדיאַ. איאַ? אזוי זאָגט איר. ביי מיר הויבט זיך די קאָמעדיע ערשט אָן. ווארום אז ס איז אלס־דינג שוין געווען פאַרטיק ארום און ארום האָט זיך ערשט צע־ברענט אויף מיר א פייער אויף דעם גרינהאָרן. פאַרוואָס קומט אים דעם ממזר, אן אָפּגעשיילט אייעלע גלייך אין מויל אריין, אזא ווייבעלע. טויזנט דאָלאַר אין קעש און א פאַרטיקע ביזנעס אָן קאָמפּעטישאָן? מע דארף ביי אים די לאַנדרי אָפּהאַנדלען פאַר האלב געלט און אוועקגעבן זי צוריק צום פריערדיקן לאַנדרימען.

ווי אזוי? דערויף בין איך דאָך מיטטער באראבאי ביזנעס־בראָקער. ביי מיר איז נישטאָ א זאך וואָס איך זאָל נים קאָנען דורכפירן! בין איך אוועק אקוראט קעגן דער לאָנדרי אויפן קאָרנער פון דער צווייטער סטרים און האָב אָפגעדונגען ביים אידזשענט א רומקע. אריינגעפידלט אים א צעו־דאָלאר־ביל אין אויפגאָב און האָב אויסגעהאָנגען א סיין אויף דער ווינדע:

„אָ ם ד אָ ע פ ע נ ט ז י ך א ל אָ נ ד ר י".

אודאי גיים נים אוועק קיין טאָג צייט — מיין גרינהאָרן איז דאָ מיט א צעיושעטן קאָפּ: סטיימש! ער איז א געקוילעטערו „וואס איז די טראָבעל?" דערציילט ער מיר פון אומגליק. עפּעס א שווארין יאָר האָט אָפּגעדונגען אקוראט אקעגן אים א סטאָר און עפענט א לאָנדרי! „וואָס זשע ווילסטו גרינהאָרן?" וויל ער, איך זאָל אים געפינען א קונה אויף דער לאָנדרי. וועט ער מיך באדאנקען אויפן שענסטן אָרט און וועט אייביק גאָט בעטן פאר מיר. און אזוי ווייטער. בארויג איך אים און זאָג אים, אז נים אזוי גרינג געפינט מען א קונה. נאָר ער זאָל זיך פאַלאָזן אויף מיר איכ׳ל טרייען מיין בעכם. דערווייל זאָל ער גיין אהיים און קומען אין דריי טעג ארום מחמת איך בין פארוואָרפן מיט ביזנעס און אזוי ווייטער — און גוד באַי!

און אליין האָב איך געשיקט רופן מיין אלט, לאָנדרימען און דערצייל אים סאָ ענד כאָ: אצינד האָסטו א טשענס אוועקצוקניהן צוריק ביים גרינהאָרן דיין לאָנדרי פאר האלב געלט,

זאָגט ער: „ווי אזוי וועט איר עס מאַכן?" זאָג איך: „וואָס גייט ס אייך אָן? ליוו איט טו מי — דערויף בין איך דאָך עפּעס מיסטער באַראַבאַן ביזנעס־בראָקער". זאָגט ער: „אָלרייט". זאָג איך: „וועל איך האָבן דעם פּאָר מיין קאָמישן?" זאָגט ער: „אָלרייט". זאָג איך: „איך מוז האָבן דערפאַר א הונדערטער". זאָגט ער: „אָלרייט". און אזוי ווייטער. דערווייל זיינען איבערגעלאָפן די דריי טעג — מיין גרינהאָרן איז דאָ מיטן ווייבעלע. דאָס ווייבעלע האָט זיך א ביסל אויסגעבליכט. נאָר זי איז נאָך אלץ שיין ווי די זון. „וואָס הערט זיך?" „וואָס זאָל זיך הערן", זאָג איך. „איר דאַרפט", זאָג איך, „דאַנקען גאָט, איך האָב קוים קוים געפונען א בעלן אויף אייער לאַנדרי. נאָר וואָס דען? איר'ט מוזן", זאָג איך, „פאַר־לירן געלט". „וויפיל?" „פרעגט ניט", זאָג איך, „וויפיל איר פאַר־לירט, פרעגט וויפל איר געווינט. וואָרום וויפיל", זאָג איך, „איר זאָלט ניט נעמען איז דאָס ווי געפונען. איר שפּילט זיך", זאָג איך, „מיט אמעריקאַנער קאָנקורענטן? זיי קאָנען אייך", זאָג איך, „אַרייַנטרייבן אין אזעלכע עקספּענסיעס, אז איר זאָלט דאַרפן", זאָג איך, „אויפכאַפּן זיך און מיטן ביינאַכט און אנטלויפן אין איין העמד!"... וואָס־טויג אייך. איך האָב אויף זיי אָנגעוואָרפן א שרעק אז זיי האָבן אָפּגענומען האַלב וויפל זיי האָבן אַריינגע־לייגט און האָבן נאָך אָפּגעצאָלט מיר רח"ש אייך. וואָרום איך בין דאָך ניט מחויב זיך באַדערן אומזיסט און אויס לאָנדרי!... נאָר האָט צייט, איר זענט נאָך ניט פאַרטיק. אויב איר האָלט

קאָפּ דארפט איר געדענקען אז איך האָב געהאט אריינגע־
צימבלט צען דאָלאר אן אויפגאָב דעם איידזשענט פאר א סטאָר
און אויסגעהאָנגען א סיין אויף א לאָנדרי. פרעגט זיך א קשיא:
למאי זאָל איך לאָזן צען דאָלאר גלאט אויפן ווינט מיר ניט
דיר ניט? ביי מיסטער באראבאן ביזנעס־בראָקער איז דען גנבה ש
געלט צי וואָס? איז איין מאָל אוועק. צווייטנס ברענט מיך נאָך
אלין אויף דעם גרינהאָר, און עס פאָרקעט מיך: דער ממזר האָט
נאָך עטלעבע הונדערט דאָלאר אין פאקעט און א ווייבעלע ביי
דער זייט - גין־גאָלד! פאר וואָס קומט דאָס אים? מיסטער באַ־
ראבאן דער גרעסטער ביזנעס־בראָקער פון דער איסט־סייד באַ־
דארף האָבן א ווייב עקסקיוז מי. א פארזעעניש און נאָך א
קבאָנטיפע דערצו און דער גרינהאָרן - דארף אים גאָט צושיקן
אזא צאצקע יו נאָו. א מזווה לע - אויסקרענקען זאָל ער עס!
פייל איך זיך ניט און שרייב אים אוועק א פּאָסטעלקארד. ער
זאָל קומען צו מיר אויף אן אפּאָינטמענט אין דער און דער
שעה איך האָב צו אים א ביזנעס. לאָזט ער זיך ניט בעטן און
קומט צו גיין אין דער אָפגעשטעלטער צייט און דווקא מיט איר,
מיטן ווייבעלע. באַזעען איך זיי מיינע ליבע געסט, און דערצייל
זיי א מעשה כאָ ענד כאָ: „איר קענט ניט די אמעריקאנער
בלאָפערס! איר זאָלט וויסן וואָס פאר א טריק דער גנב דער
אלטער לאָנדרימען. האָט א אָפגעטאָן — אוש די האָר שטעלן
זיך קאפויער!“... „דהיינו?“ „דהיינו. זאָג איך. דאָס האָט ער, זאָג

איך אָפּגעדונגען די סטאָר אקעגן אייך און האָט אויסגעהאָנגען א סיין אויף א לאָנדרי. בכדי זאָג איך, איר זאָלט זיך דער־שרעקן או אים אָפּטרעטן פאר האלב געלט צוריק זיין לאָנדריי". דערהערט אזא מעשה האָט זיך דאָס פּאָר־פאָלק גענומען אי־בערקוקן. געוואָרן אָנגעצונדן. און איבערהויפּט דאָס ווייבעלע. די אויגן האָבן איר געברענט. ווי צוויי קויל פייער. „ס'איז א יושר. זאָג איך, איר זאָלט זיך מיט אים אָפּרעכענען. מיטן גנב. ער זאָל אייך האָבן צו געדענקען!" „מיט וואס קענען מיר זיך מיט אים רעכענען?" „ליוו איט טו מי. זאָג איך. איך ל אים שוין צורעכט מאכן. דעם פויגל אז ער וועט ביי מיר. זאָג איך קיין תחית־המתים ניט אויפשטיין און אייך. זאָג איך וועט דערפון ארויסקימען א טובה: איר'ט זאָג איך האָבן א ביזנעס נאָך בעסער. ווי פריער!" קוקן זיי אויף מיר ווי די טייבעלעך ווי איינער רעדט: פון אייער מויל אין גאָטס אויערן. און לאנג לעבן זאָלט איר. און אזוי ווייטער! און איך נעם און לייג זיי פאָר א פלאן: דארפן זיי קויפן פרעמדע ביזנעס און צאָלן יענעם פאר דער פירמע אין טאָג ארייך: אמער גיי איך שוין צום אייגענעם לענדלאָרד און דינג זיי די סטאָרקע. וואס דער גנב האָט געוואָלט דינגען און איך פיקס זיי איין פאר אזעלכע דריי־פיר הונדע־ט דאָלאר א לאָנדרי אקוראט אקעגן זיין לאָנ־רי און שטעל זיך אויעק מיט אים קאָנקורירן. וויפל ער

נעמט. נעם איך בילינער. און איך מאך אים אין דריי וואָכן צייט צו מיפען – זאָל מיין נאָמען נים הייסן באראבאַן וואָס מויג איך איך האָב זיי אזוי צעשרויפט. אז דער גרינ־האָרן איז מיר שיער נים ארויםגעפאלן קויש. און דאָס שיינע ווייבעלע זיינס האָט זיך צערויטלט און איז געוואָרן נאָך שענער, ווי געווען. אין דעם זעלבן טאָג נאָך האָב איך גערעכנט פון זייערטוועגן די בטראָקע און ס'איז גיך פארטיק געוואָרן ביי מיר א נייע לאָנדרי מיט א סיין און מיט טישן און מיט האַק און פאַק און מיין פאָר פאָלק האָט זיך גענומען צו דער ארבעט און ס'איז אוועק צווישן זיי און צווישן אלטן לאָנדרימען א פלאמפי עריקע קאָנקורענציע. מע האָט זיך געשמיסן מיט די פרייזן ווי ווייט מע האָט געקענט. האָט יענער געשטעלט פיר און צוואנציק סענט א דאָזען פלעט. האָבן זיי געשטעלט אכצן, און נאָך צוגעגעבן א „ספרעד" אומזיסט. האָט יענער ארונטער־געלאָזט אויף אכט סענט העמדער. האָבן זיי אראָפּגעשמיסן אויף א פעני און א האלב קאללערס האָט יענער שוין געמוזט אראָפּשמייסן אויף א פעני און א האלב קאללערס, האָט יענער שוין געמוזט אראָפּשמייסן אויף א פעני און אזוי ווייטער. דער שפיין איז – מע האָט זיך אזוי לאנג געשמיסן. ביז דער גרינ־האָרן האָט זיך אָפּגעשאָקלט פון די פאָר דאָלאר און געבליבן אָן א פעני. נישט געהאט מיט וואָס צו צאָל רענט. האָט ער צוגעמאכט די לאָנדרי, ארוים בשן ועין. ווי שטייט אין פסוק:

בשקאפּע יבוא בשקאפּע יצא. און יעצט רופט ער זיך
בי מיר אָפּ אין לודלאָוו־סטרים־דושייל — דאָס האָב איך אויס־
עוכט פאר זיין ווייבעלע א לאָיער, וואָס מאָנט ביי אים פון
גירטוועגן דריי זאכן: 1) איר געלט די טויזנט דאָלאר נדן;
2) א גט; און 3) ביז זי וועט אמאָל באקומען פון אים דעם גט
זאָל ער זי סיפּאָרטן; לויט די געזעצן פון לאנד — א רוח אין
זיין טאטנס טאטן אריין, דעם גרינגהאָרן!...



שלום־עליכם מיט זיינע פארשוינען

# ס׳אַ ליגן!

דיאַלאָג אין גאַליציע.
געשריבן אין יאָר 1906

— איר פאָרט, דאכט מיר, קיין קאָלאָמעאַ?

— פון וואנען ווייסט איר, אז קיין קאָלאָמעאַ?

— איך האָב געהערט, איר האָט גערעדט מיט קאָנדוקטאָר. איר זענט טאקע א קאָלאָמעאַר, צי איר פאָרט נאָר קיין קאָלאָמעאַ?

— טאקע א קאָלאָמעאַר. וואָס איז דען?

— גאָרנים. גלאט אזוי. איך פרעג. עפעס א היפשע שטאָט קאָלאָמעאַ?

וואָס איז שייך א היפשע שטאָט? א שטאָט, ווי אלע שטעט אין גאליציע. א פיין שטעטל. זייער א פיין שטעטל!...

— איך מיין, צי ס'איז פאראן ביי אייך עפעס פיינע מענטשן נגידים?

— פאראן, אלערליי: פאראן נגידים, פאראן קבצנים. געווינטלעך מער קבצנים ווי נגידים.

— דאָס אייגענע, וואָס ביי אונדז. אויף איין נגיד — קיין עין הרע — טויזנט קבצנים. ביי אייך אין קאָלאָמעאַ דאַרף זיין א נגיד פינקלשטיין?

— פאראן א נגיד פינקלשטיין, וואָס איז? איר קענט אים?

— קענען קען איך אים נישט, נאָר איך האָב געהערט. האָט ער נישט רב שעיה?

— רב שעיה, וואָס איז דען?

— גאָרנישט. גלאַט אַזוי, איך פרעג. ער איז טאַקע אַזא גביר ווי מע זאָגט, אָט דער רב שעיה?

— איך ווייס? זיין געלט האָב איך נישט געציילט. וואָס פרעגט איר זיך אַזוי נאָך? איר דאַרפט דאָס וויסן אַקעגן קרעדיט?

— ניין, גלאַט אַזוי. ער האָט, זאָגט מען, א טאָכטער.

— ער האָט דריי טעכטער. אפשר מכח א שידוך? ווי פיל, האָט מען אייך געזאָגט, גיט ער נדן דער טאָכטער?

— ס'האַנדלט זיך ניט וועגן נדן, פאַרשטייט איר מיך. מע שמועסט פון דער שטוב שמועסט מען; וואָס פאַר א שטוב

אז ביי דעם שעיה פינקלשטיין יואס פאר א היז היסט דאס׳

— וואס זאל זיין פאר א הויז? א הויז ווי אלע הייזער. א יידישע שטוב: א פיינע שטוב א חסידישע, זייער א פיינע שטוב! מע זאגט אפילו אז מכח יידישקייט איז ביי אים די לעצטע צייט... נאר ס׳א ליגן!

— וואס איז א ליגן?

— וואס מע זאל נים זאגן, איז א ליגן. קאלאמעא איז. דארפט איר וויסן א שטאט פון סאמע ליגנערס.

— איז טאקע מהאי טעמא כדאי צו ווים. וואס זאגט מען, למשל אויף זיין שטוב?

— מע זאגט, אז ס׳איז שוין נישט דאס. וואס אמאל, למשל, אמאל פלעגט מען דארטן פסח האלטן שמורה... ער אליין פלעגט גאר פארן צווי מאל אין יאר צום רבין. און היינט... היינט איז שוין נים דאס...

— אט דאס איז גאר?

— וואס דען האט איר געוואלט? מע זאל שוין אראפ־ווארפן בארד און פאות און עסן חזיר בפרהסיא?

— איר זאגט „מע זאגט". האב איך געמיינט, מי יודע וואס מע זאגט! דער עיקר איז דאך, אז דער מענטש אליין איז א מענטש. דאס הייסט איך מיין, צי איז ער, אט דער רב שעיה פינקלשטיין, מיין איך עפעס א פיינער, א ליטישער

מענטש? אָט דאָס מיין איך.

— וואָס איז שייך א ליטווישער מענטש? א מענטש ווי אלע מענטש. א פיינער מענטש. למאי זאָל איך זאָגן? א גאנץ פיינער מענטש! מע שמועסט אפילו ביי אונדז, אז ער איז א ביסל... נאָר ס׳אַ ליגן!

— וואָס איז א ליגן?

— אלסדינג וואָס מע זאָגט אויף אים איז א ליגן; קאָ־לאָמעאַ איז אזא שטאָט וואָס מע האָט ליב רעדן איינס אויף דאָס אנדערע; וויל איך נים נאָכזאָגן וואָרום דאָס הייסט שוין לשון־הרע.

— ווייבאלד אז איר ווייסט, אז ס׳אַ ליגן איז דאָ שוין אים לשון־הרע.

— מע זאָגט אז ער איז... א ביסל... א דרייער.

— א דרייער? יעדער ייד איז א דרייער. א ייד דרייט. איר זענט דען נישט קיין דרייער?

— א דרייער צו א דרייער איז נישט גלייך. אויף אים זאָגט מען, פארשטייט איר מיך... נאָר ס׳אַ ליגן!

— וואָס ווייטער־אייגענטלעך זאָגט מען אויף אים?

— איך זאָג דאָך אייך אז ס׳אַ ליגן!

— וויל איך וויסן דעם ליגן וואָס מע זאָגט.

— מע זאָגט אז ער האָט שוין דריי מאָל געשמעלט זיך. נאָר ס׳אַ ליגן! איך ווייס נאָר פון איין מאָל.

— אָט דאָס איז וואָר? ווו האָט איר געזען. א סוחר זאָל זיך ניט שטעלן? א סוחר האנדלט אזוי לאנג, ביז ער פאר־האנדלט זיך. א סוחר. אז ער שטארבט־אוועק נישט גע־שטעלטערהייט, איז א־סימן, אז ער איז געשטאָרבן פאר דער צייט. וואָס? ניט אזוי?

— אלץ הייסט ביי אייך געשטעלט? אויף אים זאָגט מען. אז ער האָט זיך מיאוס אוועקגעשטעלט. אראָפּגעלאָזט די ממתקים און ארויסגעשטעלט דער וועלט א פייג. איר פארשטייט?

— נישט קיין נארישער מענטש אפּנים. נו, און אויסער דעם גאָרניט?

— וואָס נאָך האָט איר געוואָלט? ער זאָל קוילן מענטשן? באגיין קרימינאל? מע דערציילט אפילו ביי אונדז אויף אים יאָ עפּעס זייער ניט שיינע מעשה... נאָר ס׳אַ ליגן!

— דהיינו וואָס פאר א מעשה?

— א מעשה מיט א פריץ?... א נעכטיקער טאָג.

— וואָס פאר א מעשה מיט א פריץ?...

— עפּעס א פריץ דאָרטן... קוויטלעך... ווייס איך וואָס קאָלאָמעאַ קאָן אויסטראכטן? ס׳אַ ליגן! איך ווייס אז ס׳אַ ליגן!

— אז איר ווייסט, אז ס׳אַ ליגן, וועט דאָך עס אים ניט שאַטן.

— ער האָט, זאָגט מען געהאנדלט מיט א פריץ. זייער

א רייכן פריץ געווען ביים פריץ א חשוב, א גרויסער חשוב. דערווייל איז דער פריץ געשטאָרבן האָט ער צוגעשטעלט אויף אים א פּאָר קוויטלעך; איז געוואָרן א געוואלט אין שטאָט: פון וואנען האָט זיך גענומען צו אים קוויטלעך. אז דער פריץ האָט זינט ער לעבט נים אונטערגעשריבן קיין פּאפּיר?... קאָ־לאָמעאַ דארפט איר ווּיסן, איז א שטאָט וואָס גיט אכטונג...

— נו?

— נו־נו! האָט ער געהאט אויף זיך א פּעקל...

— אָט דאָס איז גאָר? יעדער ייד האָט א פּעקל. איר האָט אמאָל געזען א יידן אָן א פּעקל?

— דער האָט אָבער אויף זיך געהאט. זאָגט מען דריי פּעקלעך.

— דריי פּעקלעך? דהיינו. וואָס נאָך פאר פּעקלעך האָט ער זאָגט מען. געהאט אויף זיך?

— מיט א מיל האָט ער. זאָגט מען געהאט צו טאָן... נאָר דאָס איז שוין געווים א ליגן!

— איז זי אָפּגעבּרענט געוואָרן מן הסתם האָט מען גע־זאָגט אויף אים אז דאָס האָט ער אליין געמאכט „בורא מאורי האש“ מחמת די מ ל איז ש ן געווען אן אלטע. האָט ער זי גוט סעקורירט. בכדי ער זאָל קאָנען שטעלן נאָכדעם א נייע.

— פון וואנען ווייסט איר. אז ס'איז אזוי געווען די מעשה?

זוייסן ווייס איך נישט. נאָר איך בין מיך משער, ווי אזוי האָט געמיזט זיין די מעשה.

— אזוי הייסט דאָס שמועסט מען ביי אונדז אין קאָ־לאָמעאַ. נאָר ס׳אַ ליגן. איך קאָן איך גיין שווערן, אז ס׳אַ ליגן!

— עס אַרט מיך נישט ס׳זאָל זיין אַן אמת. וואָס נאָך האָט ער געהאַט. זאָגט איר פּאָר אַ פּעקל אויף זיך?

— איך זאָג? די שטאָט זאָגט. אָר דאָס איז שוין גלאַט אַ פּרימשעפּע, אַ בלבול אַ ריינער בלבול.

— אַ בלבול? פאלשע מינץ?

— נאָך ערגער.

— וואָס קאָן שוין זיין ערגער?

— אַ בזיון צו דערציילן וואָס קאָלאָמעאַ קאָן אויסטראַכטן! פּוסטע מענטשן... ליידיקגייערס... און אפשר איז דאָס געווען אַן אָנגעשטעלטע זאַך מע זאָל קאָנען צאַפּן געלט? איר ווייסט נישט? אַ קליין שטעטל. און אַ סך האָט שונאים...

— ער האָט געהאַט צו טאָן אודאי מיט אַ דינסט?...

— פון וואַנען ווייסט איר? מע האָט איך שוין דער־ציילט?

— דערציילט האָט מען מיר נישט. נאָר איך שטויס מיך שוין אָן. עס האָט אים געקאָסט מסתמא אַ שיינע פּאָר קריי־צערס, אָט דער דאָזיקער בלבול?

לאָמיר זיך ווינטשן דאָס בײדע פאַרדינען אַלע וואָך.
איך בין אײך נישט קײן שונא. וואָס אים האָט דאָס געקאָסט, כאָטש ער איז דרינען גאָט די נשמה שולדיק. אַ קלײן שטעטל...
אַ ייִד אַ נגיד... עס גײט אים גוט... מע פאַרגינט אים ניט...
פשוט. מע פאַרגינט אים ניט!...

-- מעגלעך. האָט ער עפּעס פײַנע קינדער. ליט-ישעי דרײַ טעכטער. האָט איר. דאכט זיך. געזאָגט?

— דרײַ, צװײ אױסגעגעבענע און אײנע אַ מײדל. פײַנע קינדער. זײער פּײַנע קינדער... אױף די עלטערע זאָגט מען אפילו אַז... נאָר ס׳אַ ליגן!

— דהײנו, וואָס זאָגט מען אױף זײ?

— איך זאָג דאָך אײך, אַז ס׳אַ ליגן.

— איך װײס. אַז ס׳איז אַ ליגן. איך װיל אָבער װיסן דעם ליגן.

אַז איר װעט װעלן אױסהערן אַלע ליגנס, וואָס גײען בײַ אונדז אין קאַלאָמעע. װעט אײך ניט קלעקן קײן דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט... אױף דער עלטערער זאָגט מען אַז זי גײט מיט די אײגענע האָר. קאָן איך אײך עדות זאָגן, אַז ס׳איז ליגן. װאָרום זי איז גאָר ניט אַזױ געבילדעט. אַז זי זאָל טראָגן אײגענע האָר. און אױף דער צװײטער טאָכטער האָט מען גלאַט אױסגעטראַכט. אַז נאָך מײדלװײַז... נאָר װאָס קאָלאָמעע קאָן אױסטראַכטן! ס׳אַ ליגן!

— כדי צו הערן וואָס מע קאָן בײַ אײַך אין קאָלאָמעאַ אויסטראַכטן?

— איך זאָג דאָך אײַך, אַז קאָלאָמעאַ איז אַ שטאָט פֿון סאַמע ליגנערס, און פֿון באַרעדערס, און פֿון לאַנגע צינגער. איר ווייסט נישט? אין אַ קליין שטעטל, אַז אַ מיידל שפּאַצירט איינע אַליין בײַנאַכט איבער דער גאַס אין דער פֿינסטער מיט אַ יונגנמאַן, ווערט שוין אַ טאַרעראַם: וואָס האָט אַ מיידל אַרומצוגיין אין קאָלאָמעאַ בײַנאַכט איינע אַליין מיט אַ פּראָוויזער?

— אָט דאָס איז גאָר?

— וואָס נאָך האָט איר געוואָלט? זי זאָל מיט אים אַנטלויפֿן אין מיטן יום־כּפּור קיין טשערנאָוויץ, אַזוי ווי מע זאָגט די קלענערע האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל?

— וואָס פֿאַר אַ שפּיצל האָט דען אָפּגעטאָן די קלענערע?

— נישט כּדאַי כּילעבן. גאָר נאָכוערציילן אַלע שטותערייען, וואָס גייען אַרום בײַ אונדז אין קאָלאָמעאַ. איך האָב פֿײַנט נאָכדערציילן אַ ליגן!...

— איר האָט שוין דערציילט אַזוי פֿיל ליגנס, דערציילט שוין דעם ליגן אויך.

— איך דערצייל נישט מײַנע ליגנס, רב ייִד, איך דערצייל יענעמס!... און איך פֿאַרשטיי גלאַט נישט, וואָס פֿיעגט איר זיך אַזוי שטאַרק נאָך אויף איטלעכן באַזונדער, ווי אַ פּראָקוראָר? איר זעגט, דאַכט מיר, אַ ייִד, וואָס האָט ליב נאָר

אויסטאפן. אויספּאָרשן. אַרויסציען בײ יענעם דאָס דם־התמצית פון די בײנער. און אַלײן האָט איר מורא אַרויסלאָזן א וואָרט... האָט קײן פאַריבּל נים. וואָס איך זאָג אײך דעם רײנעם אמת. איר זענט, שײנט מיר. א רוסישער ייד. און די רוסישע האָבּן אין זיך א מיאוסע טבע: זײ האָבּן ליבּ אַרײנקריכן יענעם מיט די שטיוול אין האַרצן אַרײן... די רוסישע זײנען, ווײזט אויס. נישט קײן קלײנע בּאַרעדערס... א־פּריקנס. איז שוין בּאַלד קאָ־לאָמעאַ... צײט זיך נעמען צו די זאכן... ז־יי־־י־ט זשע מוחל!

# פון דער ריוויערא

— וואָס איז אזעלכעס „ריוויערא" — זאָלט איר מיך נישט פרעגן. אזוי ווי איך האָב פון דעם קיינמאָל נישט געוווסט. אזוי זאָלט איר דערפון נישט וויסן. און הלואי וואָלט איך אויך דערפון נישט געוווסט. קורץ. איר ווילט וויסן. וואָס הייסט „ריוויערא"? וועל איך אייך זאָגן אין דריי ווערטער: „זשיד, דאַוואַי האָראָשי!" ריוויערא — דאָס איז אזא מין ערטל אין איטאליע. וואָס דאָקטוירים האָבן אויסגעטראכט צו פרעסן געלט ביים עולם. דער הימל איז דאָרטן שטענדיק לויטער. דער אייגענער הימל. וואָס ביי אונדז. די זון איז אויך די אייגענע. נאָר דער ים דעקומשעט — סכנות! ער וואָרפט זיך, ער רוישט. דולט

א ספּאָדיק – און איר האלט אין איין צאָלן געלט. פאר וואָס געלט? פאר גאָרנישט, גאָלע גאָרנישט. אָט דערפאר אָ, וואָס דו ביסט א בהמה און האָסט זיך געלאָזט איינרעדן „ריוויערא“ – צאָל געלט, און איר צאָלט. וואָרזשע, אדרבה, זייט א בריה און צאָלט ניט! איר מיינט מע קריגט זיך מיט אייך? זידלעריי? בזיונות? חלילה! דווקא מיט גוטן, קושנדיק נעמט מען צו ביי אייך די נשמה. איין מעלה האָט זי יאָ, די דאָזיקע „ריוויערא“ דעם אמת קאָן מען ניט אָפּלייקענען – ס'איז דאָרט ווארעם. און אז ס'איז ווארעם זאָגט מען, הוסט זיך ווייניקער. און ווארעם איז דאָ־ט שטענדיק. א גאנץ קיילעכיק יאָר, סיי זומער, סיי ווינטער. איר מיינט, וואָס איז דער שכל? א פּראָסטער שכל: די זון ווארעמט. איז ווארעם. בכן איז וואָס? אז מע הייצט גוט אויס איז ביי אונדז אויך ניט קאלט. זאָגן זיי אָבער – „לופט“. אמת, די לופט איז ניט קיין שלעכטע לופט. סע שמעקט ניט שלעכט. ווי מיט בשמים. ניט די לופט שמעקט. די מאראנצן שמעקן. עס וואקסן דאָרט מאראנצן, ווייס איך ניט. צו מען דארף פאָרן צוליב דעם אזש אהין. לופט איז, דאכט זיך פא־אן און־מעטום. און מאראנצן קאָן מען קויפן ביי אונדז אויך. זאָגן אָבער די דאָקטוירים, אז לופט צו לופט איז ניט גלייך. די לופט זאָגן זיי, וואָס שמעקט מיט בשמים, היילט. אזוי זאָגן זיי, די דאָקטוירים הייסט עס. נאָר מאלע וואָס דאקטוירים זאָגן! למאי זיי זאָגן אז דער ים, וואָס אויף דער „ריוויערא“, ציט אַרו ס אלע

ש׳ אפקייטן? איך וועל אייך נים זאָגן. אפשר צים ער ביי עמיצן ארוים שלאפקייטן. ביי מיר ווייס איך. אז ער האָט ארויסגעצויגן ווו איך האָב געהאט ערגעץ א גראָשן, אָט דער דאָזיקער ים! און ני אזוי דער ים.-ווי די דאָקטוירים. מיר האָט גאָט צוגעשיקט אויף דער „ריוויערא“ א דאָקטאָר, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — נו־נו! דאָס הייסט, אזוי איז ער אפילי א גאנץ ליבלעבער מענטש. דווקא א ייד. און נאָך וואָסער א ייד! רעדט יידיש. ווי איך מיט אייך. און אזוי זיס. אזוי קוגלדיק. שטרודלדיק, ציממעסדיק — גאָר א מחיה. נאָר געלט קאָן עס צאפּן. אוי צאפּט דאָס! מאָלט אייך, וואָס ביי מיר וועט מען שוין אָנצאפּן! געטראָפּן דעם אָרט! איך האָב מיך מיישב געווען .הערט איר. און האָב מיך געלאָזט פירן ביז דער לעצ־טער מינוט. איך האָב באלד ארויסגעזען, מיט וועמען איך האָב צו טאָן. נאָר איך האָב מיך געמאכט נים־ווייסנדיק, ווילסט צאפּן — צאפּ. תחילת הערט ער מיך אוים, פרעגט מיך אוים. טאפּט מיך אוים מיט העמערלעך און מיט קלעפּערלעך מיט טרייבלעך און מיט רערלעך. און הייסט מיר קומען מאָרגן. פרעג איך אים: „האָט קיין פאריבל נים הער דאָקטאָר. איך ווייס נים די היגע מנהגים; וואָס קומט אייך פארן וויזיט?“ קיקט ער אויף מיר דורך די ברילן האלט די הענט אין די קעשענעס און מאכט צו מיר: „דאָס וועט זיין שפּעטער“. טראכט איך מיר: „גע פועל ט. דילסט שפּעטער. איז שפּעטער“... איך

קום צו גיין מאָ־גן — ווידער א מאָל דאָס אייגענע: אויסגע־
הערט, אויסגעפרעגט, אויסגעטאפט און אויסגעקלאפט – הייסט
ער מיר קומען איבערמאָרגן, וועט ער מיר אריינשפריצן. פרעג
איך אים: „האָט קיין פאריבל ניט, הער דאָקטאָר וואָס קומט
אייך?" זאָגט ער: „שפּעטער". שפּעטער, איז שפּעטער. קום איך
צו גיין איבערמאָרגן, שפּריצט ער מיר אריין, און הייסט מיר
קומען מאָרגן, וועט ער מיר מאכן מאסאזש. קום איך צו גיין
מאָ־גן, ער זאָל מיר מאכן מאסאזש. מאכט ער מאסאזש.
דאָס הייסט ער רייבט מיר איין דאָס געכטיקע אריינשפּרי־
צעכטס, אזוי דארף מען פארשטיין, און הייסט מיר קומען מאָרגן
וועט ער מיר ווידער אמאָל אריינשפּריצן. פרעג איך אים: „וואָס
קומט אייך?" זאָגט ער: „שפּעטער". שפּעטער, איז שפּעטער.
אלע מאָל די אייגענע חכמה, א טאָג איבער א טאָג: איין טאָג
אריינגעשפּריצט דעם אנדערן טאָג איינגעריבן דאָס אריינשפּרי־
צעכטס. איז מיר באלד ניט געפעלן דער שווינדל. ממה־נפשך.
ווילסטו מיך שמייסן מיט צוויי ריטער — שמייס. צו וואָס
דארפסטו נאָך ציען? ווי שטייט דאָס, אז אויף אריינשפּריצן דארף
מען א באזונדערן טאָג און אויף איינרייבן דאָס אריינשפּרי־
צעכטס ווידער א באזונדערן טאָג? דאכט זיך מיר, אז ס'איז
גלייכער ביידע זאכן אינאיינעם. דער שכל איז דאָך מתחייב: אַט
האָב איך די אריינעשפּריצט אָט האָב איך דיר עס איינגעריבן. אלא
וואָס דען? צערעמאָניע? דארפן מיר לערנען דעם פשט, אז דו ווילסט

צא ? צאפו אַיי אפשר צאפט זיך גאָרנישט? טאָמער איז נישטאָ פו, וואנען? דו קענסט מיך? דו ווייסט מיך? ביםט געוועו ביי מיר אין קעשענע? האָסט געציילט מיין געלט?...

— כך הוה, ס איז אוועקגעגאנגען א חודש, שיקט ער מיר אריין דורך דער פאָסט א רעכענונג. איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. פאר יעדן אריינשפריצעכטס הייסט ער זיך באצאָלן צען פראנקן — דאָרט צאפט מען געלט אויף די פראנקן — און פאר יעדן איינרייבן דאָס אריינשפריצעכטס — פינף פראנק!. נישקשה פון א רעכענונג! פון אזא מין קוראציע קאָן מען טאקע גיין אין גאָלד! האָב איך מיך מיישב געווען — וואָס טוט מען? זיך דינגען מיט אים? דאָס וועל איך צייט האָבן שפעטער. אז מאָנען מאָנט ער נים, דער חכם הײנט צו וואָס זאָל איך מיך כאפ? גיי איך צו אים, ווי איך בין געגאנגען, א טאָג איבער א טאָג, און ער שפריצט. איך גיי, און ער שפריצט. און אָט אזוי איז אוועק דער ווינטער. אָקאָ־שט ווי מען זעט נים. איז פורים, צייט קלערן מכח פאָרן אהיים. ובפרט, אז אין געזונט. דאנק גאָט פיל איך מיך אויך נישקשה׳דיק, גאנץ נישקשה׳דיק. מע קאָן זאָגן — למאי זאָל איך לײ־קענען? — הלוא ווייטער נים ערגער; בעסער האָט קיין שיעור נים. דאַרף מען, הייסט עס, אפנים זיך אָפגעזעגענען מיטן קלוגן דאָקטאָר און פאָרן אהיים! קום איך צוגיין צום דאָקטאָר: „אזוי און אזוי, הער דאָקטאָר, איך פאָר אהיים“. זאָגט ער: „געזונטערהייט“. זאָג איך:

„נו? און מכח דער רעכענונג? מע דארף דאָך צעצאָלן זיך מיט אייך אויך. צי ניין?“... קוקט ער אויף מיר דורך די ברילן, האלט די הענט אין די קעשענעס און מאכט צו מיר: „נו?“ ווי איינער רעדט: און וועמען איז דען די מניעה? רוף איך מיך אָן צו אים: „האָט קיין פאריבל נית, הער דאָקטאָר. איידער מיר וועלן זיך מיט אייך צערעכענען, וואָלט איך אייך דערציילן פריער א מעשה, אויב איר האָט צייט“... מאכט ער צו מיר: „קיין צייט האָב איך נית, נאָר אייב נית קיין לאנגע דערציילט“. זעץ איך מיך אויעק און דערצייל אים די מעשה:

„זיי איר זעט מיך, זאָג איך, בין איך א ייד, דאנק גאָט, אזוי זיך, און קינדער דאנק גאָט, האָב איך אויך, פינף זאָלן געזונט זיין, פינף זיי, זיינען פיר פון זיי דווקא ווילע קינדער, געראָטענע נאָר איינער, נית פאר אייך געדאכט, — אז דער רוח ווייסט וואָס, נית געוואָלט לערנען — נית א לעק, א שלעכט קינד, געהרגעט, געטמית׳ט, געוואָלט ארויסשלאָגן דעם עקשן — איז נית מיט גוט׳ נית בייזן, א שלעכט קינד, וואָס טוט מען? זאָגט צו מיר מיינע: „מאך אים פאר א בעל־מלאכה“. „א בעל־מלאכה? משונה מיינע שונאים!“ „יאָס זשע! אז דו וועסט אים דערהרגענען, וועט זיין בעסער?“ אהין־אהער איך זע — זי איז גערעכט. גיי איך און גיב אים אפ צו א בעל־מלאכה, צום בעסטן שניידער און באדינג זיך מיט אים אויף דריי יאָר פאר דריי הונדערטע: „נאַט אייך אים דעם תכשיט און מאכט מיר אים פאר

א בעל־מלאכה"... און כ׳האָב מיך צעשריבן מיט דאָזיקן שניידער־
בפירוש, אז אין משך פון דריי יאָר דארף ער אים מאכן פאר א
פארטיקן בעל־מלכה, און איך דארף אים איינצאָלן דערפאר דריי
הונדערטער. אוועגעגאנגען דאָס ערשטע יאָר - מיין שניידער
איז געקימען, אָפּגענומען דעם ערשטן הונדערטער, זיך צעשריבן,
פיין. אוועקגעגאנגען דאָס אנדערע יאָר - מיין שניידער איז געקו־
מען, אָפּגענומען דעם אנדערן הונדערטער, זיך צעשריבן, פיין.
אוועקגעגאנגען דאָס דריטע יאָר - מיין שניידער איז נישטאָ,
איך ווארט א וואָך איך ווארט צוויי - נישטאָ. וואָס איז די
מעשה? גיי איך אוועק צו מיין שניידער: „רב חיים, פאר וואָס
זענט איר ניט געקומען, זאָג איך, נאָכן דריטן הונדערטער?"
מאכט ער צו מיר: „עס קומט מיר ניט". „וואָס איז דער שכל?"
דער שכל, זאָגט ער, איז א פראָסטער שכל. אונדזער שניידעריי
זאָגט ער, באשטייט פון דריי פונקטן: א שניידער, זאָגט ער,
דארף קאָנען, ערשטנס, די מלאכה. צווייטנס, דארף ער, זאָגט
ער, קאָנען ארונטערנעמען אמאָל א שטיקל יתור, אז עס בלייבט
איבער. ווילט איר דאָס, זאָגט ער, אָנרופן גנבה, רופט דאָס אָן,
ווי איר ווילט. און דריטנס, זאָגט ער, דארף א שניידער קאָנען
אויסטרינקען, נעמען הייסט עס, אמאָל אונטער א יום־טוב,
א ביסל בראָנפן. איז אויף צוויי פונקטן: אייער זון, זאָגט ער,
א פארטיקער בעל־מלאכה, דאָס הייסט, ער איז נישקשה פון
א גנב, און מיט א ביסל בראָנפן ועט ער זיך, זאָגט ער, אויס־

גלייכן מיט אלע שבירים, נאָר א בעל־מלאכה — דאָס, זאָגט ער וועט ער ניט זיין כל־זמן ער וועט לעבן. היינט פארוואָס קומט מיר א הונדערטער"...

איינגעהערט די מעשה מאכט צו מיר דער דאָקטאָר:

„אקעגן וואָס זשע, הייסט עס, איז דאָס געקומען צו רייד?"

„אקעגן דעם זאָג איך, וואָס אייער מלאכה, זאָג איך, דאָקטאָריע הייסט עס, באַשטייט, ווי יעדע מלאכה, פון דריי פונקטן: מע דאַרף זיין, ערשטנס, א גוטער דאָקטאָר, צווייטנס דאַרף מען זיין א מענטש מיט יושר, און, דריטנס, זאָג איך, דאַרף א דאָקטאָר קאָנען מאכן געלט. יעדער פונקט פון די ערשטע צוויי פונקטן עס וועט ביי אייך אריבער — דאָס, זאָג איך, ווייס איך ניט, נאָר וואָס פאַר א דאָקטאָר איר זענט, זאָג איך, אויף חשבונית מאכן אויף מיר אזא יאָר, און איצטער, זאָג איך, אייער בחורה, מיין געלט — לאָמיר זיך דינגען"...

פאַרשטייט זיך, אזוי פיל מכות אונדזערע שונאים, וויפל איך האָב אָפּגעריסן ביי אים מער פון צוויי דריטל. נאָר גלייבט מיר, ס'איז דאָס אייך ניט ווערט. וואָרום איך זאָל גלאַט זיצן אין דער היים אין גאַרנישט טאָן, און ס'זאָל מיר זיין באַשערט, וואָלט איך ביי ווי ביי געזונט געוואָרן — היינט וואָס איז מיר די „רוויערא"?